# קאנסטיטוציאן

— פון דיא —

# אינדעפענדענט קריוואזערער בענעפישעל אססאסיאיישען

אף פילאדעלפיא

---

געגרינדעט דען 19טען מערץ, 1911

84

# Independent Krivozer Beneficial Ass'n

of Philadelphia

---

Organized March 19th, 1911

# געשעפטס ארדנונגען

---

1. פארלעזען דעם פראטאקאל פון לעצטען מיטינג.
2. בעריכט דער קראנקען קאמיטעע.
3. פארשלאגע פון קאנדידאטען.
4. קאמיטעע בעריכט וועגען קאנדידאטען.
5. איינפיהרונג פון קאנדידאטען.
6. איינצאהלונג.
7. צושריפטען.
8. קאמיטעע בעריכטע אונד אדווייזארי באארד.
9. אונערלעדיגטע געשעפטע.
10. צום וואהל אונד בעסטען דעם פעראיין.



# קאנסטיטוציאן

דער

# אינדעפענדענט קריוואזערער בענעפישעל אסס'ן

---

## איינלייטונג.

אום צו שאפען ברודערליעבע אונד פריינדשאפט, טריי־היט און געדעכטיגקייט צו ערפילען, האָבען מיר דיא פאָלגענדע געזעטצע אויסגעארבייט אונד בעשטימט.

---

### ארטיקעל 1.

### נאָמען.

§ 1. דער נאָמען פון פעראיין זאָל זיין:

אינדעפענדענט קריוואָזערער בענעפישיאל אססאָסיאיישאָן.

דיעזער נאָמען דארף ניעמאלס געענדערט ווערען, זאָ־לאנג וויא 7 גוטשטעהענדע מיטגליעדער פערבלייבען אין פעראיין.

ארטיקעל 2.

## צוועק דער פעראיין.

§ 1. דער צוועק פון דיעזען פעראיין זאָל זיין:

1) צו פערשפרייטען פריינדשאפט צווישען זיינע מעמבערס.

2) א פערשטאַרבענעם מיטגליעד צו בעערדיגען.

3) אין נויטה און אין קראנקהייט מיטצוהעלפען.

4) זיך בעהאנדלען ברודערליך און טריי ביים לעבען.

5) דיא ליידענדע פון פערשטאַרבענעם ברודער אונ־טערשטיצען און טרייסטען.

§ 2. דער פעראיין זאָל פעסטבלייבען ביי זיינע פרינ־ציפען. ער זאָל ניעמאלס פערוואנדעלט ווערען אין אירגענד וועלכע סעקטע, רעליגיעזע אָדער פאָליטישע פארטיי, און זאָל אויך קיינע שטיצע צו אַזעלכע אנשטאלטען אָדער בע־וועגונגען געבען.

ארטיקעל 3.

## פערזאמלונגען.

§ 1. דיא רעגעלמעסיגע פערזאמלונגען זאָלען 2 מאָל אין מאָנאט שטאטפינדען, יעדען 1טען און 3טען זאָנטאג אין מאָנאט. דיא צייט און פלאטץ זאָל זיין וויא דער פעראיין וועט פון צייט צו צייט בעשטימען.

§ 2. ווען דער פרעזידענט איז אבוועזענד, זאָל דער וויים־פרעזידענט דיא פערזאמלונג ערעפענען, ניט שפעטער פון 30 מינוטען נאָך דער בעשטימטער צייט, ווען דער וויים פרעזידענט איז אויך אבוועזענד, קען דער פעראיין אויסקלייבען וועלכען עס איז גוטשטעהענדען מעמבער אלס טשערמאן און ער זאָל דיא פערזאמלונג ערעפנען.

§ 3. ווען א פערזאמלונג איז געשלאָסען געוואָרען, קען מען איהם נאָך א מאָל אין דיעזען אבענד ניט ערעפ־נען, אויסגענומען מיט דער איינשטימונג פון אללע מיט־גליעדער וועלכע זיינען אנוועזענד ביי דיעזען פערזאמלונג.

§ 4. דורך געוויסע אורזאכען קען א פערזאמלונג פערפעהלט אָדער אבגעלייגט ווערען.

§ 5. צו יעדען מיטינג זאָל ארויסגעשיקט ווערען פאָסטאל קארדס צו אללע מעמבערס.

§ 6. דיא לעצטע פערזאמלונגען פון דיא מאָנאהייטען מערץ, יוני, סעפטעמבער און דעצעמבער זאָלען אלס פער־טיל יעהריגעס גענעראל פערזאמלונגען בעטראכט ווערען.

## ארטיקעל 4.

## ספעציאלע פערזאמלונגען.

§ 1. ספעציאלע פערזאמלונגען קענען איינבערופען ווערען צו יעדער צייט: 1) ענטוועדער אויף דעם בעשלוס פון דעם פעראיין ביי א רעגעלער מיטינג, 2) ווען דער פרעזידענט וועט געפינען פיר נויטהיג אונד 3) ווען 7 גוטשטעהענדע ברידער וועלען שריפטליך עס פאָדערען פון דעם פרעזידענט. אין אזא פאל מוז אין דער שריפט־ליכער אויפפאָדערונג צום פרעזידענט גענוי בעצייכענט ווערען דער צוועק פון דעם ספעציאל מיטינג, עס זאָל אָבער קיינע אנדערע געשעפטען פערהאנדעלט ווערען בלויז דיא אנגעלעגענהייטען פיר וועלכע דער ספעציאל מיטינג איז איינבערופען געוואָרען, אויסגענומען דיוס קאלעקטען.

§ 2. דער סעקרעטער, ווען ער רופט צו איין ספעצ־יאל פערזאמלונג זאָל ער גענוי דעם צוועק פון דעם ספעציאל פערזאמלונג אנצייגען צו אללע מיטגליעדער.

§ 3. ווען א ספעציאל מיטינג איז איינבערופען געוואָרען דורך דיא אויפפאָדערונג פון 7 מיטגליעדער אונד דיא מיטארבייטער פון זיי ערשיינען ניט צו דער פערזאמלונג, מוז יעדער דער ניט ערשיינט האט, א גע־ניגענדע אורזאכע אנגעבען, זאָנסט ווערט ער בעשטראפט לויט דעם בעשלוס פון פעראיין. קראנקהייט אָדער אב־וועזענהייט פון שטאָדט זאָלען ענטשולדיגען.

## ארטיקעל 5.

## שריפטע און שפראכע.

§ 1. אלע געשעפטען און פערהאנדלונגען פון דיעזען פעראיין זאָלען אין דער אידישער שריפט און שפראכע גע־פיהרט ווערען. דאָך ווען איינער קען זיך אין ענגליש בעסער אויסשפרעכען זאָל דאס איהם ערלויבט זיין, וויא אויך קאָרעספאנדענצען קענען אין יעדער שפראכע גע־פיהרט ווערען.

## ארטיקעל 6.

## קוואָרום.

§ 1. 7 מיטגליעדער אויסער דיא בעאמטע בילדען א קוואָרום, און האָבען דאס רעכט צו פערהאנדלען אלע געשעפטען פון דעם פעראיין.

## ארטיקעל 7.

## אויפנאהמע פון נייע מיטגליעדער.

§ 1. יעדער אידישער מאן וועלכער קערפערליך געזונד איזט, בעזיצט א מאראלישען כאראקטער, האט עררייכט דיא עלטער פון 18 יאהר, און ניט עלטער פון 40 יאהר קען פארגעשלאגען ווערען אלס מיטגליעד אין דיעזען פעראיין, זיין פרוי קען אויך פארגעשלאגען ווערען, ווען זיא פאלקאמען געזונד איזט.

§ 2. פארשלעגע פון קאנדידאטען אלס מיטגליעדער קענען געמאכט ווערען נור דורך א מעמבער פון דעם פעראיין, ער מוז גענוי אנגעבען דעם נאמען, פארנאמען עלטער, און בעשעפטיגונג פון דעם קאנדידאט, פערהייראט אדער סינגעל, וויא אויך דיא ריכטיגע אדרעססע. ער זאל אויך דיא העלפטע פון פארשלאגס געלד איינצאהלען.

§ 3. ביי דעם פארשלאג פון א קאנדידאט, זאל א קאמיטע ניט וועניגער פון 3 מיטגליעדער ערנאנט ווערען, אום זיך נאך דיא פערהעלטניסע פון דעם קאנדידאט ערקונדיגען, און צו דעם נעקסטען מיטינג איין ריכטיגען בעריכט אין דער פעראיין אריינבריינגען, מונדליך אדער שריפטליך.

§ 4. דער פארשלעגער פון דעם קאנדידאט, קען אין דער אונטערזוכונגס קאמיטע ניט זיין.

§ 5. ווען דער בעריכט פון דער קאמיטעע איז פיר דעם קאנדידאט גינסטיג און קיינע אבדזשעקשאנס זיינען פון דיא מעמבערס ניט געמאכט געווארען, זאל דער פרעזידענט ארדערען דעם סעקרעטער צו שיקען דעם פעראיינס דאקטאר צו אונטערזוכען דיא געזונדהייט פון דעם קאנדידאט און זיין פאמיליע, אונד ווען דער דאקטאר ערקלעהרט איהם און זיין פאמיליע פאלקאם געזונד, זאל דער קאנדידאט שריפטליך געלאדען זיין צו דעם נעקסטען מיטינג פיר איינפיהרען איהם אין פעראיין.

§ 6. פערזאמט איין קאנדידאט צו ערשיינען צייט 4 מיטינגען נאכדעם ער געלאדען איזט פערלירט ער זיינע פארשלאגס געלד און ווערט פון דער ליסטע אויסגעשטראכען, אויסגענאממען ווען ער גיבט אן א געוויסע אורזאכע.

§ 7. קיין ברודער קען צוריקציהען איין פארגעשלאגענעם קאנדידאט, נאכדעם וויא דיא קאמיטע האט איהם בעזוכט, און דעם בעריכט איבער דעם זעלבען אנגעגעבען.

§ 8. ווערט א קאנדידאט פון דאקטאר ניט גינסטיג ערקלעהרט, זאל דער קאנדידאט לײדען דיא דאקטאר עקס־פענסעס, ווערט ער אבער פון דער קאמיטע צוריקגעוויזען, זאל איהם דאס פארשלאגס געלד צוריק געגעבען ווערען.

§ 9. א צוריקגעוויזענער קאנדידאט פון דאקטאר קען נאך 6 מאנאט צייט נאך אמאל זיך לאזען פארשלאגען אין פעראיין.

§ 10. ווען א קאנדידאט איז צופעליג לײדענד פון א לײכטע קראנקהייט, אדער דיא פרוי איז פערבונדען אין פאמיליע אנגעלעגענהייטען, זאלען דיא ווייטערע פער־האנדלונגען פון אזא קאנדידאט אבגעלייגט ווערען ביז אלעס וועט איבערגעהן.

§ 11. ווען 2 קאמיטע לייט פון 3 בעריכטען פאר א קאנדידאט ניט גינסטיג, קען דער קאנדידאט ניט אריינגע־נומען ווערען בעפאר 3 מאנאט.

## ארטיקעל 8.

## נאמינײשאן און עלעקשאן.

§ 1. דיא בעאמטע פון דיעזען פעראיין זאלען בע־שטעהן פון פאלגענדע: פרעזידענט; וויצע־פרעזידענט; רעקארדינג סעקרעטער; פינאנס סעקרעטער; טרעזשורער; 3 טראסטיעס; 13 אדווייזארי באארד; 1 מארשאל און אינערוואכע.

§ 2. דיא בעאמטע פון דיעזען פעראיין זאלען 2 מאל יעהרליך ערוועהלט ווערען, אין דיא לעצטע פערזאמלונגען פון דיא מאנאטען יוני און דעצעמבער, זאלען דיא עלעק־שאן שטאטפינדען.

§ 3. צוויי מיטינגען בעפאר דיא עלעקשאן פערזאמ־לונג, זאל נאמינײשאן שטאטפינדען, אין עלעקשאן פערזאמלונג קען קײנע נאמינײשאן געמאכט ווערען, אויסגענאמען פיר דעם אמט פיר וועלכען דער נאמינירטער קאנדידאט האט זיך ענטזאגט.

§ 4. דער סעקרעטער מוז שריפטליך נאטיפייען צו דעם עלעקשאן מיטינג אלע מיטגליעדער, פון אלע דיא יע־ניגע קאנדידאטען וואס זיינען נאמינירט געווארען פיר אפיסערס.

§ 5. קיין מיטגליעד קען פיר קיין שום אמט נאמי־נירט ווערען, ווען ער איז אבוועזענד, אדער אונטער איינע קלאגע שטעהט, אדער ער קען ניט לעזען און שרייבען.

אויסגענאממען דער מארשאל און אינערוואכע וויא אויך דיא אדוויזארי באארד.

§ 6. קיין מיטגליעד פון דיא פאלגענדע אמטען: פרעזידענט; וויס־פרעזידענט; טרעזשורער און מארשאל, קען מעהר וויא פיר 2 טערמינס נאכאנאנד נאמינירט און עלעקטעד ווערען פיר דעם זעלבען אמט (אויסער ווען אלע ברידער ערקלעהרען איהם איינשטימיג) ער קען אבער נאמינירט און עלעקטעד ווערען פיר איין אנדער אמט. געהט אבער איבער איין טערמין פון 6 מאנאט, קען ער ווידער עלעקטעד ווערען פיר דעם זעלבען אמט.

§ 7. קיין מיטגליעד קען פיר אירגענד וועלכען אמט ערוועהלט ווערען, ווען ער נאך קיין ½ יאהר צייט צום פעראיין בעלאנגט.

§ 8. דיא עלעקשאנס זאל דורך א פערמאכטען באַלאָט שטאטפינדען, און א מאיאריטעט דיא אבגעגעבענע שטימען זאל דעם קאנדידאט פיר איין אמט ערוועהלען. קיין מיטגליעד קען פיר 2 אמטען ערוועהלט ווערען, אויסער אין דא אדוויזארי באארד.

§ 9. ווען 2 קאנדידאטען פיר איין אמט ערהאלטען א גלייכע צאהל שטיממען, דאן זאל דיא אדוויזארי באארד ענטשיידען און דורך דעם סעקרעטער דעם ער־וועהלטען שריפטליך צום אינסטאלירען איינלאדען.

§ 10. קיין מיטגליעד זאל ערוועהלט ווערען פיר איין אמט ווען ער אבוועזענד איזט, אויסגענאממען ווען ער מעלדעט דאס ער נעהמט אן דיא עלעקשאן.

§ 11. ברידער וועלכע זיינען ניט אנוועזענד ביי דעם עלעקשאן קענען ניט וואוטען דורך א שליח אדער דורך פאסט.

§ 12. ווען דער עלעקשאן געהט אן פיר א קאנדידאט דארף קיין מיטגליעד זיין פלאטץ פערלאזען, און דער אי־נערוואכע דארף צו קיינעם קיין איינלאס אדער אויסלאס געבען.

§ 13. ספעציאל עלעקשאן פיר איין אמט וועלכער איז ליידיג געווארען דורך אורזאכען, קען פארגענומען ווערען אין אירגענד וועלכען אבענד פון א פערזאמלונג.

§ 14. דיא ערוועהלטע בעאמטע מוזען אלע זייערע שולדען בעצאהלען בעפאר זיי ווערען אין זייער אמט אינסטאלירט.

§ 15. דער דאקטאר פיר עקזאמינירען קאנדידאטען זאל דורך באללאט עלעקטעד ווערען אם עלעקשאן מיטינג.

דער דאָקטאָר קען נור נאָמינירט און עלעקטעד ווערען, ווען ער 2 יאָהר אין פּראַקטיס איזט.

## ארטיקעל 9.

## פּפליכטען פון בעאמטע.

### פּרעזידענט.

§ 1. דער פּרעזידענט האָט צו ערפילען אלע פּפליכטען וואָס עס ווערען אויף איהם ארויפגעלעגט אין צייט פון זיין עלעקשאָן, ער זאָל זיין דער פאָרזיצענדער פון אלע מיטינגען, ער זאָל אָבער קיין אנטהייל נעהמען אין קיינע דעבאַטעס, אויסער צו ערקלעהרען דיא געזעטצע און ענטשיידען געוויסע פראַגען, ער זאָל אויפפאַסען דאַס דיא קאָנסטיטושאָן און בעשליסע פון דער פעראיין זאָלען פינקטליך דורכגעפיהרט ווערען, וויא אויך, אז דיא אנדערע בעאמטע פון פעראיין זאָלען זייערע פּפליכטען פינקטליך ערפילען, ער זאָל שטרענג און אויפמערקזאם אָבהיטען דיא וואהלען פון פעראיין, אין פאל פון גלייכע שטימען, זאָל ער דאַס רעכט האָבען צו ענטשיידען, ער זאָל אבהיטען דאַס אייגענטהום פון פעראיין און אין בעסטען אָרדנונג צו בעזאָרגען, אין אירגענד וועלכען פערדאַכט דיא ביכער קאָנטראָלירען לאַסען, ער זאָל אונטערשרייבען אלע פּאַפּירען, אנווייזונגען פיר געלדער פיר וועלכע זיינען פון פעראיין געפעסט געוואָרען, ער האָט צו אַפּאָינטען דיא מעהרצאָהל פון אלע קאָמיטעען, ער האָט דאַס רעכט צו לאָזען רופען ספּעציאלע מיטינגען ווען ער געפינט פיר נויטהיג. ער דאַרף זעהן דאַס דיא קראַנקע מיטגליעדער זאָלען ערהאַלטען זייערע בענעפּיטען. ביי דער לויה פון א מיטגליעד אָדער זיין פרוי אנוועזענד צו זיין.

### וויים־פּרעזידענט.

§ 2. דער וויים פּרעזידענט איז פערפּפליכטעט דעם פּרעזידענט אין אלע פעראיינס אנגעלעגענהייטען ארויסצוהעלפען, אין אבוועזענהייט פון פּרעזידענט זיין שטעלע צו פערטרעטען, ער זאָל אַפּאָינטען דיא מינאָריטעט פון אלע קאָמיטעען, און ער זאָל זיין דער טשערמאַן אין יעדער פינאַנס קאָמיטע, אונטערזוכען דיא ביכער רעכענונגען פון פעראיין.

## פּראָטאָקאָל סעקרעטער.

§ 3. דער פּראָטאָקאָל סעקרעטער זאָל איין ריכטיגען און אונפּארטייאישען פּראָטאָקאָל פיהרען איבער אללע פערהאנדלונגען פון דער פערבאיין, איינע געטרייע רעכענונג צווישען דעם פעראיין און דיא ברידער פיהרען, דיא קאָרעספּאָנדענץ בעזאָרגען, אללע אנווייזונגען, טשעקס און אָרדערס פערטיג מאכען און אונטערשרייבען. ביי שטערבע־פעללע נאכזעהן אויב דער זעלבער צו בענעפיט בערעכטיגט איזט, אונד ווען יאָ, דעם ריכטיגען אָרדער צו דעם אונטערטייקער געבען, ארויסשיקען פּאָסטאלס איינצולאדען אלע מיטגליעדער צו דער לויה, דיא מיטגליעדער דעם קראנקען קאמיטע דורך פּאָסטאלס אין דער צייט בענאכריכטען, אם ענדע פון דעם פערטעל יאהר איינע ריכטיגע רעכענונג פון איינגאהמע און שולדען פון מיטגלידער צו בעריכטען, פיר זיין ארבייט זאָל ער קריגען א געהאלט וועלכע זאָל פעסטגעזעצט ווערען בעפאָר ער ווערט ערוועהלט, ער זאָל אללע ביכער און זיעגעל פון פעראיין איבערוואכען, ער זאָל צושטעלען דעם פעראיין בעפאָר זיין אינסטאַלירונג א סעקיוריטי פון 100 דאללאר ריעל עסטייט באנדס, אָדער 50 דאללאר אין קעש, אויף דעם נאָמען פון פעראיין אין באנק אוועקלייגען, און ער זאָל קריעגן דעם דיווידענד, ביי ענדע פון זיין טערמין אללע ביכער און זיעגעל וואָס געפינען זיך אין זיין בעזיץ זיינעם נאכפאָלגער איבערגעבען אין דער אנוועזענהייט פון דער פינאנס קאמיטעע.

## פינאנס סעקרעטער.

§ 4. דער פינאנס סעקרעטער זאָל אללע איינגאהמע געלדער קאָלעקטען, צו דיא מיטגליעדער רעסיטס געבען און ריכטיג איין פינאנס בוך מיט דעם פולען נאָמען פון מעמבער פערשרייבען. ביי ענדע מיטינג אלע געלדער צום טרעזשורער איבערגעבען ערהאלטענדיג א רעסיט פאר דאס זעלבע און איין קאָפּיע פון דעם פינאנס בוך נאך יעדען מיטינג דעם רעקאָרדינג סעקרעטער איבערגעבען, ער זאָל בעקומען איין געהאלט וואָס וועט בעשלאָסען ווערען פון דעם פעראיין בעפאָר ער איז ערוועהלט געווארען צו זיין אמט. אם ענדע פון זיין טערמין זיינעם נאכפאָלגער אלעס איבערגעבען.

## טרעזשורער.

§ 5. דער טרעזשורער זאָל בעפאָר ער אין זיין אמט אריינטרעט איין סעקיוריטי געבען אויף א געוויסע סומע

וואָס וועט פון פעראיין בעשטימט ווערען. דיא סעקיורעטי בעשטעהט פון קעש געלד אויף דעם נאָמען פון פעראיין אוועקלייגען אָדער ריעל עסטייט באָנדס, ער האָט אללע פעראיינס געלדער צו זיך נעהמען און אין זיינע הענד זאָל מהר ניט בלייבען וויא ביז 50 דאלאר, איבערשטייגט מעהר פון דיעזע סומע, זאָל ער אין בעגלייטונג פון דיא טראָס־טיעס אין באַנק אוועקלייגען, אללע אנווייזונגען, טשעקס וועלכע פון פרעזידענט און סעקרעטער אונטערשריבען איז אויסצאָהלען. ער מוז פיהרען א פינקטליכען רעכענונג פון אללע איינגאהמען און אויסגאבען פון פעראיין, ער מוז אנוועזענד זיין ביי דער פינאנס קאמיטע, ער מוז צייגען אלע איוסגעצאָהלטע אנווייזונגען ווען דיא פינאנס קאמיטעע פאָדערט עס, און ביי אויסטריט פון זיין אמט דאָס אייגענטהום פון פעראיין זיין געזעצליכען נאכפאָלגער איבערגעבען.

## טראָסטיעס.

§ 6. דיא טראָסטיעס האָבען צו בעאָבאכטען אויף דאס אייגענטהום פון פעראיין דאס עס זאָל אין בעסטען צושטאנד זיין. דיא איבריגע געלדער פון טרעזשורער אין באנק צו דעפאָנירען, דער ערשטער טראָסטיע זאָל דיא סעקיורעטי פון פעראיינס אייגענטהום ביי זיך האלטען. אין דיא אבוועזענהייט פון וויס־פרעזידענט זיין שטעלע צו פערטרעטען, און ביי זיין אויסטריט פון זיין אמט זיין נאכפאָלגער אלעס איבערגעבען.

## אינערוואכע.

§ 7. דער אינערוואכע האָט צו בעוואכען דיא טהיר פון דעם מיטינג לאָקאל ביי דיא פערזאמלונגען און פון יעדען קומענדען דאס פאסירוואָרט אָבצונעהמען, וועהרענד דער פראָטאָקאָל ווערט געלעזען זאָל ער קיינעם איינ־לאס געבען.

## אדוויזאָרי באָארד:

§ 8. דיא אדוויזאָרי באָארד זאָל איהרע זיצונגען פיהרען אונטער דיא אָפיסערס פון א טשערמאן און סעקרעטער וועלכע זאָלען ערוועהלט ווערען פון זיי זעלבסט, ווי אויך דער רעקאָרדינג סעקרעטער פון פעראיין מוז אויך זיין ביי זייער מיטינג, און אלעס וואָס נעטהיג איז, זיי לאָזען וויסען. זאָלען מיטען איין מאָהל אין מאָנאט. ספע־ציאלע מיטינגען זאָלען אָבגעהאלטען ווערען נאָך דעם פעראיינס פערלאנג. 5 מיטגליעדער פון זיי בילדען א

קוואָרום און האָבען דאס רעכט איבער אלע אנגעלעגענהייטען אין פעראיין וועלכע דער פעראיין גיבט זיי איבער צו פערהאנדלען. יעדע פערהאנדלונג מוז פון א מאיאָריטעט בעשטימט ווערען און דעם רעזולטאט אין פעראיין אריינברינגען.

## ארטיקעל 10.

## רעכטע און בענעפיט דער מיטגליעדער.

§ 1. יעדער מיטגליעד האָט דאס רעכט אין אלע דעבאטען אנטהייל צו נעהמען: און אין וואהל פיר בעאמטע זיין שטיממע אבגעבען.

§ 2. זיבען גוטשטעהענדע מיטגליעדער האָבען דאס רעכט איין ספּעציאל מיטינג פון פרעזידענט צו פערלאנגען, זיי דאַרפען אָבער אנגעבען דיא אורזאכע שריפטליך.

§ 3. יעדער גוטשטעהענדער מיטגליעד דער איבער 6 מאנאט צו דעם פעראיין בעלאנגט איז בערעכטיגט צו א מקום קבורה הוצאות הקבורה און לוית המת צו דעם איז יעדער ברודער בערעכטיגט פיר זיך און זיין פאמיליע.

§ 4. דאס וואָרט פאמיליע פון אונזער קאנסטיטושאָן מיינט א פרוי, טעכטער וועלכעס ניעמאלס פערהייראט ווארען און זוהן ניט עלטער פון 18 יאָהר.

§ 5. ווען א ברודער געהייראט האט דיא צווייטע פרוי, און זיא האָט קינדער פון איהר ערשטען מאן, זיינען זיי ניט איינגערעכענט אין דער פאמיליע, און ווערען ניט אנערקענט ביי דער פעראיין.

§ 6. א טאָכטער וועלכע איז געוועזען פערהייראט, בעלאנגט שוין ניט צו דער פאמיליע, זאָגאר ווען זיא איז איין אלמנה געבליעבען און איז ווידער ביי דעם פאטער.

## ארטיקעל 11.

## איינטריט געלד און בייטראגע.

§ 1. דיא איינטריט געלדער זאָלען זיין וויא דער פעראיין וועט פון צייט צו צייט בעשטימען. דיא העלפט מוז בעצאָהלט ווערען ביי דעם פאָרשלאגען און דיא 2טע טהייל ביי דעם איינפיהרען דעם קאנדידאט.

§ 2. דיא יעהרליכע בייטרעגע פון דיעזען פעראיין איז 6 דאלאר יעהרליך פעסטגעזעצט, וועלכע ווערען אין פערטעל יעהריגע צו $1.50 בעצאָהלט.

§ 3. דער פעראיין האט דאס רעכט בלויז אין 3 פעלע דיא ברידער צו טעקסען. 1) ווען דיא קאסע פון פעראיין איז צו קליין צו דעקען דיא אויסגאבע פון א טויטען פאל, 2) דיא ענדאומענט געלדער וועלכע דיא ברידער ווערען געטעקסט מיט גלייכע טהיילען אין דער פעראיינס קאסע צו בעצאהלען, 3) אויף א בעשטימטען צושריפט פון דער אדוויזארי באארד צו שטיצען א ברודער וועלכער ליידעט פון איין אויסערגעוועהנליכען אונגליק.

§ 4. א קאנדידאט וועלכער ווערט אין פעראיין אריינגעפיהרט, ווערט גערעכענט זיינע בייטראגע פון דעם טאג, וואס ער איז פעראיין אריינקומט און ער האט צו בעצאהלען ביז דעם נעקסטען פערזאמלונג.

§ 5. יעדער אייגעפיהרטער קאנדידאט, האט צו בעצאהלען 1 דאלאר פיר סעמעטערי; ער האט דאס רעכט ניט שפעטער וויא ביז 3 מאנאטען צו בעצאהלען.

## ארטיקעל 12.

## קראנקען בענעפיט.

§ 1. דער געזעצליכער קראנקען בענעפיט פון דיעזען פעראיין בעשטעהט פון 5 דאלאר דיא וואך, 3 וואכען אין יעדע 6 מאנאטען. זינקט דיא קאסע אונטער 200 דאלאר ווערט דער קראנקען בענעפיט געשלאסען.

§ 2. יעדער גוטשטעהענדער מיטגליעד וועלכער 6 מאנאט צום פעראיין בעלאנגט, ווען ער ווערט קראנק, זא דאס ער איז ניט אימשטאנדע צו אטענדען זיין ארבייט, אדער נאכצוזעהן זיינע ביזנעס, זאל ער זיך מעלדען צו דעם סעקרעטער וועלכער זאל גלייך א קאמיטע ארויסשיקען, דעם קראנקען ברודער צו בעזוכען. און ווען דיא קאמיטע בעריכטעט, דאס דער ברודער ווירקליך קראנק איזט און פון א דאקטאר איין סערטיפיקייט צייגט איבער זיין קראנקהייט, איז צו דעם געזעצליכען קראנקען בענעפיט בערעכטיגט.

§ 3. קיין ברודער איז בערעכטיגט צו קראנקען בענעפיט, ווען זיין קראנקהייט האלט אן וועניגער פון א פולע וואך, דיא קראנקהייט זאל גערעכענט ווערען פון דעם טאג וואס דיא פאסט האט דעם מעלדונגס בריעף געסטעמפט.

§ 4. א ברודער וועלכער ליידעט פון א אונהיילבארע קראנקהייט, זאל דער פעראיין איהם געבען זיין בענעפיט בלויז דיא ערשטע 2 יאהר 3 וואכען אין יעדע 6 מאנאט. מיטגליעדער פון פעראיין וועלכע בעלאנגען איבער 5 יאהר

צייט און וועלכע האָבען פיר דיעזער צייט קיין מאָהל גע־ליטען פון א אונהיילבארע קראנקהייט, זיינען ניט אונ־טערוואָרפען דיעזען געזעטץ. אויסנאהמען משוגעים.

§ 5. ווען א ברודער מעלדעט זיך קראנק און עס צייגט זיך אויס אז דיא קראנקהייט איז דיא פאָלגע פון אונמאָראלישעס לעבען, פערליערט ער זיין בענעפיט.

§ 6. ווען א ברודער שבעה זיצט און צו דער זעלבער צייט איז ער אויך קראנק, פערליערט ער פיר דער וואָך זיין קראנקען בענעפיט.

§ 7. ברידער וועלכע וואָהנען אויסערהאלב פון דער שטאָדט און א שטרעקע ווייטער פון 25 סענט רייזע הין און צוריק זיינען צו קיין קראנקען בענעפיט ניט בערעכ־טיגט, און זיי דארפען זייערע דיוס ניט מעהר וויא 3 דאל־לאר יעהרליך בעצאָהלען. אָבער אלע אנדערע טעקס דאר־פען זיי צאָהלען מיט אלע ברידער צוגלייך.

§ 8. ברידער וועלכע וואָהנען אויסע רדער שטאָדט אונטער דיא קאָסטען פון 25 סענט רייזע, הין און צוריק, זיינען צו קראנקען בענעפיט בערעכטיגט, קאמיטעען מוזען ארויסגעשיקט ווערען וויא אויך דיא עקספענסעס פיר קאר־פער פון פעראיינס קאסע בעצאָהלט ווערען.

§ 9. יעדער נייער מיטגליעד איז נאָך 6 מאָנאט צייט בערעכטיגט צו פיונעראל עקספענסעס און קראנקען בענעפיט, ווען ער קיינע שולדען און דיוס צום פעראיין האָט. וויא אויך איז ער בערעכטיגט צו ענדאָוומענטס ווען ער קיינע שולדען פון ענדאָוומענטס צום פעראיין האָט.

## ארטיקעל 13.

## שטערבע־פעללע.

§ 1. ווען א מיטגליעד אָדער זיין פרוי שטארבט, און דער זעלבער איזט צו דם פעראיינס בענעפיט בערעכ־טיגט, זאָל דער פעראיין דיא נויטהיגע קאָסטען פון אויס־ריכטונג וויא תכריכים, ארון, גראָבען און טראָגען געבען. אויך האט דיא פעראיין איין לייכען וואגע און 2 קער־רידזשעס צו שטעלען. 1 קערידזש פיר דער פאמיליע פון דעם פערשטאָרבענעם און דער 2טער פיר דיא קאָמיטע פון פעראיין, וויא אויך ווען א קינד פון א ברודער שטארבט זאָל דער פעראיין דיא נויטהיגע קאָסטען פון אויסריכטונג געבען.

§ 2. ביי דעם שטארבען פון א מיטגליעד, אָדער זיין פרוי, זאָל דיא חברה פון פעראיין אטענדען, און צו א קינד זאָל דער אונטערטייקער אטענדען.

§ 3. קינדער פון א ברודער, זכרים ביז 19 יאָהר אונפערהייראטהע און טעכטער אונפערהייראטהע זיינען צו פיונעראל עקספּענסעס בערעכטיגט.

§ 4. ווען עס טרעפט א טוידטענספאלל ביי איין ברודער אויסער דער שטדאט, און א שטרעקע פון 25 סענט רייזע קאָסטען היין און צוריק, מוז ער דיא לייכע אויף זיינע קאָסטען אין שטאָדט אריינברייננגען, און דאן איז דער פעראיין פערפּפליכטעט דעם טוידטען צו בעערדי־גען.

§ 5. ווען איין פערשטאָרבענער ברודער, אָדער זיין פרוי וועלכע דער פעראיין בעערדיגען מוז, אויף א אנדער סעמעטערי בעערדיגט ווערט, דאן זאָל דער פעראיין בלויז 2 קערהידזשעס געבען. הלוית המת אָבער מוז ער פון דער גאנצער פעראיין האָבען.

§ 6. ווען א קינד פון א ברודער ניט אויף דער פער־איינס סעמעטערי בעערדיגט ווערט, איז דער פעראיין צו קיין זאך ניט פערפּפליכטעט.

§ 7. ווען א ברודער פערלאנגט א שטיקעל ערד צו בעערדיגען זיינעם א פאטער, אָדער מוטער, אָדער זיינע עלטערע קינדער, וועלכע זיינען ניט אין רעכענונג מיט דער פאמיליע, זאָל דאס איהם בעוויליגט ווערען פיר דער סומע פון 10 דאלאר אין קעש, אונד ער מוז אוועקלייגען 25 דאלאר סעקיוריטי, דאס ער וועט דעם טוידטען שטעלען א מצבה צו דער געהעריגער צייט. אין אזא פאַל דארף דער פעראיין קיינע עקספּענסעס לײדען.

§ 8. ווען דיא לייכע איינעם ברודער, אָדער זיין פאמיליעס וועלכער דער פעראיין בעערדיגען מוז, איבער־נאכט בלייבען, זאָל פון דער פעראיין איהם איינע שמירה געגעבען ווערען.

§ 9. נאכדעם אז דער ברודער שטארבט איז זיין פאמיליע פון פעראיין ענטלאססען, און זייא פערליערען אללע רעכט פון זייער פאטער׳ס מעמבערשיפּ.

## ארטיקעל 14.

## שבעה בענעפיט.

§ 1. יעדער גוטשטעהענדער ברודער, ווען ביי איהם איז געשטאָרבען איינער פון זיין פאמיליע, נאך וועלכען

ער בעדארף שבעה זיטצען, זאָל בעקומען פון דער פעראיין 5 דאלאר אלס שבעה בענעפיט.

§ 2. צו שבעה בענעפיט זיינען נור בערעכטיגט דיא מענער אָבער ניט דיא פרויען.

§ 3. ווען ביי א ברודער איז געשטאָרבען זיין פרוי אָדער א פאטער, אָדער א מוטער נאָך וועלכען ער מוז שבעה זיצען, מוז ער מעלדען צו דעם סעקרעטער, און דער סעקרעטער זאָל פערזאָרגען דאס א קאמיטע דעם זעלבען בעזוכען זאָל, און ווען דיא קאמיטע בעריכטעט דאס דער ברודער ווירקליך שבעה כדין געזעסען איזט, דאן זאָל דער ברודער בעקומען שבעה בענעפיט.

§ 4. ווען ביי איין ברודער שטארבט א קינד, זאָל דער ברודער שבעה בענעפיט בעקומען, ווען ער זאָגאר 1 טאָג אָדער 2 טעג שבעה געזעסען איזט.

§ 5. ווען ביי א ברודער איז געשטאָרבען איינער פון זיין פאמיליע אין א צווייטער שטאָדט, אָדער אין איין אנדער לאנד, בעדארף ער עס ריכטיג איבערצייגען און מוז שבעה זיטצען, אום צו זיין בערעכטיגט צו שבעה בע־נעפיט.

## ארטיקעל 15.

## ענדאָוומענטס.

§ 1. ווען עס שטארבט א ברודער אָדער זיין פרוי וועלכער איז א מעמבער פון פעראיין פוללע 6 מאָנאטען, קריגט דיא פאמיליע ענדאָוומענטס, עס זאָל אָבער ארונ־טערגענומען ווערען 20 דאלאר סעקיורעטי פיר וועלכע א מצבה זאָל געשטעלט ווערען.

§ 2. דיא ענדאָוומענט געלדער זאָלען גענומען ווערען פון דעם וואָס א טעקס פון 1 דאלאר זאָל ארויפגעלייגט ווערען אויף אללע ברידער צו גלייך.

§ 3. דיא ענדאָוומענטס געלדער מוזען קאָלעקטעט ווערען פון דיא ברידער ניט שפעטער וויא ביז 60 טעג פון דער צייט דער טוידטענספאלל פאסירט האָט, און אויסגע־צאָהלט ווערען ביז 90 טעג לויט דיא צאָהל ברידער וועלכע וועלען זיך געפינען אויף דיא ביכער אין דער צייט פון דעם אויסצאָהלונג, אויסגענאָממען פיר דיא נייע קאנדי־דאטען, וועלכע זיינען אריינגעקומען אין פעראיין נאָך דער צייט פון דעם טוידטענספאלל.

§ 4. ענדאָוומענט געלד ווערט נור אויסגעצאָהלט צו דיא ברידער וועלכע 6 מאָנאַטען צו דעם פעראיין בעלאָנגט און וועלכע זיינען אין יונייטעד סטייטס, און קיין ענדאָוומענטס ווערט ניט געצאָהלט ווען דער פערשטאָרבענער איז אויסער דיא פעראייניגטע שטאאַטען.

§ 5. ווען דער פערשטאָרבענער ברודער האָט קיין פרוי געלאָזען, זאָל דער ענדאָוומענט צוטהיילט ווערען צו דיא קליינע קינדער וועלכע זיינען ניט פעהיג זייער לעבענס־מיטעל צו פערדיענען, זיינען אָבער אַלע קינדער ניט פערבליבען, זאָל דאס געלד צוטהיילט ווערען צו אַללע קינדער גלייך, אָהנע אונטערשייד פון געשלעכט, דאָך ווען דער ברודער האָט דאס געלד אָפגעשריבען אין א צוואה, זאל דאס פינקטליך ערפיעלט ווערען, דיא צוואה מוז אָבער רעקאָרדעט ווערען. דער פעראיין בעדאַרף אָבער קיינע עקספּענסעס ניט ליידען, און אלע נעטהיגע פּאַפּירען מוזען צוגעשטעלט ווערען צו דעם סעקרעטער פון פעראיין בעפאָר דיא ענדאומענט ווערט אויסגעצאָהלט.

§ 6. ווען א פערשטאָרבענער ברודער האָט קיין פרוי און קינדער געלאָזען, זאָל דער ענדאָוומענט צו זיינע עלטערען וואָס וואָהנען אין יונייטעד סטייטס געהערען. האָט ער אָבער קיינע עלטערען אין דיא פעראייניגטע שטאאטען געלאססען, איזט דער פעראיין בעפרייט פון צאָהלען ענדאָוומענט.

§ 7. ווען איין ברודער האָט שוין איין מאָהל ענדאָוומענט בעקומען פון דעם טוידט פון זיין ערשטע פרוי, קען ער נור דאן דאס 2טע מאָל ענדאָוומענט בעקומען ווען ער וואָהנט מיט דער 2טער פרוי 10 יאָהר.

§ 8. ווען א מיטגליעד זיין פרוי פערליהרט, און זיך נאכדעם ווידער פערהייראט, און דאן זעלבסט שטארבט, זאָל דיא ענדאָוומענט געלד, יאָ גלייך צו זיין 2טע פרוי און דיא קינדער פון דער ערשטער פרוי אין גלייכע טהיילען אויסגעצאָהלט ווערען.

§ 9. ווען מאן און פרוי שטאַרבען צוזאמען, דורך איין עקסידענט, זאָלען דיא קינדער קריגען בלויז פיר 1 ענדאָוומענט אויסגעצאָהלט.

## ארטיקעל 16.

## שטיצע.

§ 1. ווען איין ברודער איז פעראונגליקט געוואָרען דורך איין אויסערגעוועהנליכען צופאַל, וויא פון א פייער עקסידענט, פערלענגערטע קראנקהייט אין זיין פאמיליע,

אַדער אַנדערע עהנליכע אזעלכע פעללע וועלכע זיינען איהם געפאַלען און זיין לאַגע רואינירט, זאָל דער ברודער דורך א שריפטליכע ביטע זיין וואונש אין דער פעראיין ערקלעהרען, און א קאָמיטע זאָל אפּאָינטעד ווערען דעם פאַל צו אונטערזוכען, און איין ספּעציאַל מיטינג פון דער אַד־ווייזאָרי באָאַרד זאָל בערופען ווערען אום צו פערהאַנדלען און בעשטימען דיא סומע וועלכע דער ברודער זאָל גע־האָלפען ווערען.

## פּרעזענטס.

§ 2. ווען איין ברודער א סינגעלמאַן געהט הייראַ־טען, אין צייט ווען ער איז בערעכטיגט צו אַללע בענעפיטס פון פעראיין, זאָל איהם איין פּרעזענט געגעבען ווערען אין ווערטה פון 5 דאָלאַר, וויא אויך איין קאָמיטע זאָל צו דער האָכצייט אַפּאָינטעד ווערען. קיינע עקסטראַ עקס־פּענסעס דאַרף דיא פעראיין ניט אויסשטעהן. געהט אָבער א ברודער פערהייראַטען זיינעם א זוהן וועלכער בעלאַנגט ניט איז פעראיין, אָדער א טאָכטער, האָט דער פעראיין בלויז איינע גראַטולאַציאָנס טעלעגראַמע צו דער האָכצייט צו שיקען.

## אַרטיקעל 17.

## אַריערס.

§ 1. יעדער ברודער וואָס זיינע בייטראַגע אין גאַנ־צען ביי דעם גענעראַל פערזאַמלונג ניט בעצאַהלט האָט, ווערט ער אין דער אַריער גערעכענט, און פערליערט אַלע אונטערשטיצונגען פון פעראיין אויסער קרקע און ענ־דאַומענט. איז ער אָבער איין אַריער פיר ענדאָוומענט, זאָ פערליערט ער זיינע רעכט זאָגאַר צו ענדאָוומענט.

§ 2. ווען א ברודער בעצאָהלט זיינע דיוס און אַלע אַנדערע שולדען וועלכע צו דעם פעראיין האָט, ביז דעם נעקסטען מיטינג נאָך דעם גענעראַל פערזאַמלונג, ערקלעה־רענדיג דערביי דאָס איבער געוויסע אורזאַכען איז איהם אוממעגליך געוועזן נאַכצוקומען אין צייט צו בעצאָהלען, זאָל דאָס איהם געניגענד זיין צו ענטשולדיגען און ער זאָל אַלס גוטשטעהענדער מעמבער גערעכענט ווערען. ווען ער אָבער ביי דעם מיטינג נאָך דעם גענעראַל פערזאַמלונג אויך ניט בעצאָהלט האָט, דאַן בלייבט ער אין אַריער ביז 14 טעג נאָך דער צייט ווען ער זיינע בייטראַגע בעצאָהלט האָט.

§ 3. ווען א ברודער שטעהט אין אַריער ליסטע ביז צו ענדע נעקסטען קוואַרטאַל און ער איז שולדיג 3 דאָלאַר,

זאָל איהם דער סעקרעטער איין רעזשיסטרירטען בריעף שיקען, דאס ער שטעהט צום סוספענדירען, און ווען ער בעצאָהלט ניט צו דעם ערשטען פערזאמלונג, זאָל ער געזעטצליך סוספענדירט ווערען, און ווען ער בעצאָהלט דיא ביטראגע, זאָל ער אויך בעצאָהלען פיר דעם בריעף.

§ 4. דיא ביטראגע זאָל נור בעצאָהלט ווערען אויף דעם פערזאמלונג פון פעראיין, און קיין ברודער ווערט ניט אלס גוטשטעהענד אנערקענט, ווען זיינע ביטראגע ווערט ניט בעצאָהלט אויף דעם מיטינג.

§ 5. אללע שטראפען און טעקס געלדער, וויא אויך אנדערע אויסצאָהלונגען ווערען צוגערעכענט ביים ענדע קוואַרטאל צו דיא דיוס.

§ 6. ווינשט א סוספענדירטער ברודער איבער שול־דען צוריק אין פעראיין בעלאנגען, זאָ מוז ער אלס נייער קאנדידאט אויפגענומען ווערען.

## ארטיקעל 18.

## קראנקען קאמיטע.

§ 1. דאס קראנקען קאמיטע בעשטעהט אויס 3 מיט־גליעדער וועלכע זאָלען פון סעקרעטער נאָך דער רייהע פון בוך אפּאינטעד ווערען.

§ 2. יעדער איינער אין דער קראנקען קאמיטע, ווען ער דיא נאָטיס פון סעקרעטער בעקומט צו אונטערזוכען א קראנקען מיטגליעד, זאָל ער דעם קראנקען פערזענליך בעזוכען ניט וויינינגער וויא 1 מאָל אין דער וואָך, און צו דעם נעקסטען מיטינג שריפטליך אָדער מונדליך בעריכטען. ער קען אָבער קיין מונדליכען בעריכט דורך קיין ברודער צום פעראיין איבערגעבען.

§ 3. ביי אנשטעקענדע קראנקהייט, זאָל די קאמיטע ערקונדיגונג געפינען איבער דעם צושטאנד פון דעם קראנ־קען און בעריכטען ביי דעם נעקסטען מיטינג.

§ 4. ווען א ברודער ליגט קראנק אין האָספּיטאל, זאָל דיא קאמיטע איהם בעזוכען אין דעם וויזיט טאָג.

§ 5. ווען דיא קראנקען קאמיטע אָדער אנדערע מיט־גליעדער בעריכטען דאס זיי האָבען א פערדאכט אויף דעם קראנקען דאס דיעזע קראנקהייט איז א כראָנישע וועלכע עקזיסטירט נאָך בעפאָר ער וואר א מיטגליעד אין פעראיין, זאָל דער פעראיין שיקען איין עקסטרא דאָקטאָר אונטער־זוכען דיעזען פערדעכטיגען ברודער, און ווען דער דאָק־טאָר און דיא קאמיטע ערקלעהרען איהם ווירקליך אלס

ליידענדער פון א כראָנישע קראַנקהייט, איזט דער פעראַיין ענטלאַסען דעם קראַנקען צו צאָהלען פיר דיעזער קראַנקהייט.

### ארטיקעל 19.

## ערקונדיגונגס קאמיטע.

§ 1. ערקונדיגונגס קאמיטע בעשטעהט אמווייניגסטענס אויס 3 מיטגליעדער וועלכע ווערען פון סעקרעטער נאָך דער רייהע פון בוך אויפגעפאָדערט דורך א פאָסטאַל קארד צו אונטערזוכען דעם פארגעשלאָגענעם קאַנדידאט.

§ 2. דיא קאמיטע זאָל אין צייט פון 2 וואָכען דעם קאַנדידאט אונטערזוכען, און זאָלען זיך גענוי ערקונדיגען איבער דעם צושטאַנד פון זיין געזונד, כאראקטער, עלטער, בעשעפטיגונג וויא אויך דעם נאָמען פון איהם און זיין פאמיליע, און דאס זעלבע צום נעקסטען מיטינג בעריכטען.

### ארטיקעל 20.

## פינאנס קאמיטע.

§ 1. דיא פינאנס קאמיטע זאָלען ערוועהלט ווערען אין דיא ערשטע מיטינגען פון דיא מאָנאטען דעצעמבער און יוני, וועלכע זאָלען דיא ביכער און רעכענונגען פון פעראיין אונטערזוכען פיר דיא לעצטע 6 מאָנאטען, און א שריפטליכען בעריכט אין פעראיין אריינבריינגען.

§ 2. דיא פינאנס קאמיטע בעשטעהט ווייניגסטען פון 5 מיטגליעדער, דער טרעזשורער, רעקאָרדינג סעקרעטער און פינאנס סעקרעטער מוזען אנוועזענד זיין. דער וויים־פרעזידענט זאָל זיין דער טשערמאן פון דרע קאמיטע.

§ 3. יעדער בעריכט פון קאמיטעען קען פון פעראיין בעשטעטיגט ווערען, ווען דיעזער בעריכט קומט פון דער מאיאָריטעט פון דער קאמיטע, און ווען דער בעריכט האָט קיין מאיאָריטעט, זאָ ווערט א 2טע קאמיטע אויף זייער אָרט ערנאנט.

### ארטיקעל 21.

## קלאגען.

§ 1. יעדער קלאגע וועלכע אין פעראיין אריינקומט פון איין ברודער געגען דעם צווייטען, אָדער געגען איין בעאמטען פון פעראיין מוז אנגענומען ווערען ווען דיא זעלבע שריפטליך און גענוי דיא גרינדע אנעגעגעבען איזט.

און אונטערשריעבען פון דעם בעליידיגטען ברודער זעלבסט וועלכער זאָל איוך זיין קלאגע ערקלעהרען, אויף דארף דיא קלאגע מיט דעם פעראיינס אינטערעסען פערמשט זיין.

§ 2. ווען א קלאגע קומט אריין, זאָל דער פרעזידענט זיין מיינונג אויסשפרעכען, אויב דיא קלאגע זאָל אנגענומען ווערען אָדער ניט, איז דעם פרעזידענטס מיינונג אז דיעזע קלאגע זאָל אנגענומען ווערען, האָט בלויז דער אנגעקלאגטער אויך א רעכט צו ריידען פאר דער פערזאמלונג איז דעם פרעזידענט'ס מיינונג אז דיא קלאגע זאָל ניט אנגענומען ווערען, האָט בלויז דער קלאגער אויך א רעכט צו ריידען. דאן זאָל עס אָהנע וייטערע דעבאטטען איבערגעהן צו אבשטימונג, אויב דיא קלאגע זאָל אנגענומען ווערען ניט.

§ 3. ווען דיא קלאגע ווערט אנגענומען ביי דעם פעראיין זאָל זיא גלייך איבערגעוויזען ווערען צו דער אדוויזאָרי באָארד.

§ 4. דיא אדוויזאָרי באָארד זאָל צו זייער זיצונג רופען דעם אנקלאגער און דעם אנגעקלאגטען, וויא אויך עדות, אויב דיא אדוויזאָרי באָארד געפינט פיר נויטהיג, אָדער ווען דיא צוויי פעראינטערעסירטע פאָדערען עס, און נאכדעם וויא דיא אדוויזאָרי באָארד וועט ערנסט טרייען צו שליכטען פריעדען זאָלען זיי גריינדליך און אונפארטייאיש אונטערזוכען דיא קלאגע און איינבריינגען שריפטליך דעם בעריכט צו דעם נעקסטען פערזאמלונג פון פעראיין.

§ 5. נאכדעם וויא דער בעריכט פון דער אדוויזאָרי באָארד ווערט ביי דעם פעראיין פאָרגעלעזען, זאָלען אין דיעזער אנגעלעגענהייט בלויז קענען ריידען דער אנקלאגער אָדער איינער וואָס איהם וועט פערטרעטען, און דער אנגעקלאגטער, אָדער איינער וואָס וועט איהם פערטרעטען קיינער פון זיי ביידע קען ניט ריידען מעהר וויא צוויי מאָל אין דער פראגע, אויך קען פון דער מאיאָריטעט אין איינעם מיט דער מיינונג פון דער מינאריטעט פון דער אדוויזאָרי באָארד שולדיג, אָדער ניט שולדיג גענומען ווערען צו אבשטימונג. מאיאָריטעט זאָל ענטשיידען.

§ 6. ווען דער פערקלאגטער אָדער דיא עדות ערשיינען ניט צו דעם זיצונג פון דער אדוויזאָרי באָארד אָהנע געזעטצליכע אורזאכען; זאָל די אונטערזוכונג פארט געזעצט ווערען. ערשיינט ניט דער קלעגער צו דער זיצונג פון דער אדוויזאָרי באָארד אָהנע גוטע אורזאכען ווערט דיא קלאגע צוריקגעוויזען.

§ 7. ווען 5 גוטשטעהענדע מיטגליעדער ברייננען א שריפטליכע קלאגע געגען א מיטגליעד אז ער איז שעדליך דעם פעראיין אדער האט זיך פאלש קראנק געמאכט צו בעקומען קראנקען בענעפיט, אדער ער האט בעשווינדעלט דעם פעראיין, זאל נאך איין אונטערזוכונגס פון א קאמיטע גלייך אלע ברידער שריפטליך בענאכריכטעט ווערען. ווען צוויי־דריטעל פון דיא שטימען וועט זיין פיר סוספענשאן, זאל ער סוספענדירט ווערען.

## ארטיקעל 22.

## שטראפע.

§ 1. ווען א בעאמטער ערשיינט ניט צו 3 מיטינגען נאך דער רייהע, וויא אויך ווען איינער פון דער אדוויזארי באארד ערשיינט ניט צו דער אדוויזארי מיטינגען 3 מאל נאך דער רייהע און האט קיינע ריכטיגע אורזאכע ניט מיטגעטהיילט, זאל ער פון זיין אמט ענטלאסען ווערען. און א צווייטער זאל פון פרעזידענט אויף זיין ארט ער־וועהלט ווערען, און ווען דער פרעזידענט איז פון זיין אמט ענטלאסען, זאל דער וויס־פרעזידענט פארנעהמען דעם טשער, און דער 1טער טראסטיע זאל פערטרעטען דעם וויס־פרעזידענטס אמט.

§ 2. ווען איינער פון דער קראנקען קאמיטע ברייננט ניט זיין בעריכט צו דער געהעריגער צייט, זאל ער מיט 50 סענט בעשטראפט ווערען. מיטגליעדער פון אלע קא־מיטעען וועלכע ערפיללען ניט זייער אויפטראגע צו דער געהעריגער צייט זאלען מיט 50 סענט בעשטראפט ווערען, אויסגענומען צוליעב גע־וויסע אורזאכען.

§ 3. גענוגענדע אורזאכען זיינען צו ענטשולדיגען פון שטראפע, אייגענע קראנקהייט, פאמיליע קראנקהייט, אדער אבוועזענהייט פון שטאדט.

§ 4. ווען א מיטגליעד צו דער בעערדיגונג פון איין ברודער אדער ברודער'ס פרוי ערשיינט ניט, אהנע אורזא־כע, זאל ער מיט 50 סענט בעשטראפט ווערדען, אויסגע־נומען צוליעב גענוגענדע אורזאכען.

§ 5. ווען א מיטגליעד האלט זיך אונאנשטענדיג ביי דעם מיטינג פון פעראיין, בעלעדיגט דעם צווייטען, אדער בעאמטען מיט שענדליכע ווערטער און אויסדריקע, אדער ער דעם ארדנונג שטערט, זאל דער פרעזידענט האבען דאס רעכט איהם צו בעשטראפען פון 50 סענט ביז 2 דאלאר געלדשטראפע, אדער צונעהמען דאס ווארט ביז איבער דעם מיטינג, און דאן זאל ער אונטער א קלאגע געשטעלט

ווערען. דיא קלאגע זאָל איבערגעגעבען ווערען צו דער אדוויזאָרי באָארד, און זיי זאָלען דיא קלאגע אונטערזוכען און פערהאנדלען, און זייער בעשלוס בעריכטען צו דעם פעראיין. אויב דיא אדוויזאָרי באָארד אנערקענט אז דיזע שטראפע איז ווירקליך אונגעזעצליך, זאָל בלויז דער טשערמאן און איינער פון דער אַדווייזאָרי באָארד קענען ריידען אין דיעזער פראגע און עס זאָל דאן אָבגעשטימט ווערען ביי אלע אנוועזענדע. מאיאָריטעט ענטשיידעט. אנערקענט אָבער דיא אדווייזאָרי באָארד, אז דער טשערמאן האָט געזעצליך געהאנדעלט, דאן זאָל דיעזע פראגע ניט געהן צו אבשטימען.

## ארטיקעל 23.

## אָרדנונגס רעגעלען.

§ 1. יעדער מיטגליעד וועלכער שפּרעכען ווינשט, אָדער איין פּאָרשלאג מאכען, זאָל זיך צו דעם פּרעזידענט ווענדען, אלע פּערזענליכקייטען פערמיידען און גענוי אין דעם פערהאנדעלטען געגענשטאנד זיך האלטען, ערהייבען זיך מיט איין מאָהל מעהרערע ברידער, זאָל דער פּרעזידענט ענטשיידען ווער דער ערשטער פון דער רייהע דאס וואָרט זאָל האבען.

§ 2. קיין פּאָרשלאג זאָל דעבאטירט ווערען, ווען דער זעלבער, ניט פון איין ברודער אונטערשטיצט ווערט, און פון פּרעזידענט פיר דיא ברידער פּאָרגעלייגט איזט.

§ 3. ליגט א פּאָרשלאג פאר דער זיצונג, זאָל קיין אנדערע פּאָרגעבראכט ווערען, אויסער דעם פּאָרשלאג צו אמענדירען, אָדער אָהנע דעבאטען צו אבשטימען געבראכט ווערען.

§ 4. איזט איין ברודער אין זיין שפּרעכען צו אָרדער גערופען, זאָל דער זעלבער שטיל בלייבען ביז דער אָרדנונגס רופער וועט אויסשפּרעכען, און דער פּרעזידענט האָט צו ענטשיידען.

§ 5. ווען א ברודער פערלאנגט דאס וואָרט פון פּרעזידענט, און ער גיבט איהם ניט, קען ער אפּעלירען צום וויס־פּרעזידענט, וועלכער דארף דיא פראגע אן דיא ברידער שטעלען אָהנע דעבאטע צום אבשטימונג, און ווען ⅔ פון דיא אנוועזענדע מיטגליעדער שטימען פיר דעם אפּעלירענדען ברודער, זאָל איהם דער וויס־פּרעזידענט דאס וואָרט געבען.

§ 6. ווען איין ברודער ווערט גערופען צו אָרדער פון פּרעזידענט מוז ער אויפהערען צו ריידען.

§ 7. אַלע געזעטצע פון פעראיין טאָר ניט זיין געגען דיא געזעצע פון לאַנד, און קיין פאָרשלאַג זאָל געבראַכט ווערען וועלכע איז געגען דיא געזעטצע.

§ 8. אַלע פראַגען וועלכע דיא קאָנסטיטושאָן האָט זיי ניט בעשטימט, זאָל דיא מאַיאָריטעט ענטשיידען.

## פערענדערונג פון געזעטצע.

§ 1. געזעטצע פון פעראיין קען נאָר דאַן געענדערט ווערען ווען עס קומט אריין א שריפטליכער פאָרשלאַג אונטערשריעבען פון 5 גוטשטעהענדע מיטגליעדער. אזא פאָרשלאַג מוז פאָרגעלייגט ווערען און גלייך איבערגעוויזען ווערען צו דער אַדוויזאָרי באָארד, דיא אדוויזאָרי באָארד דאַרף צו זייער מיטינג ביי וועלכען זיי וועלען פערהאַנדלען דיעזען פאָרשלאַג, אויך איינלאַדען דעם פאָרשלעגער אויב דער פאָרשלעגער קומט ניט צו 2 מיטינגען פון דער אַדוויזאָרי באָארד, זאָלען זיי פערהאַנדלען אָהן איהם און זייער בעשלוס אריינברייננגען אין פעראיין.

§ 2. צום מיטינג פון פעראיין זאָלען אלע ברידער בענאַכריכטעט ווערען וועגען דיעזען פאָרשלאַג, און וואָס דער פאָרשלאַג לויטעט ווען דיא אַדוויזאָרי גיבט דיא צושטימונג צו דיעזען פאָרשלאַג זאָל דאָס איבערגעגעבען ווערען צו אַלגעמיינע דעבאַטע און וועלכען קיין מיטגליעד קען ניט נעהמען מעהר וויא איין מאָהל דאָס וואָרט. און זאָל עס ווערען אָבגעלייגט צום צווייטען מיטינג פיר אָבשטיממען.

§ 3. ביי דעם 2טען מיטינג, האָט וויעדער יעדער מיטגליעד א רעכט צו ריידען 1 מאָהל וועגען דעם פאָרגעשלאָגענעם געזעטץ, צום 3טען מיטינג נאָטיפייען אלע מיטגליעדער און ווען עס געהט אריבער צו אָבשטימונג און דיא מאַיאָריטע שטימען פון אלע אַנוועזענדע ברידער שטימען דאַפיר, ווערט עס א געזעטץ. פאַלס דיעזער פאָרשלאַג דורך קען ער ביז 6 מאָנאַט צייט ניט פאָרגעבראַכט ווערען.

## ארטיקעל 24.

## בעערדיגונג.

§ 1. ווען דער סעקרעטער ווערט געמאַלדען פון איין טויטען־פאַל פון איין ברודער אָדער פון איין ברודער'ס פרוי, זאָל דער סעקרעטער באַלד מעלדען צום פרעזידענט.

און צו אלע ברידער שריפטליך בעשטימען דיא צייט און פלאטץ פון דער לויה.

§ 2. אלע ברידער זאלען דיא לייכע בעגלייטען צום בעשטימטען פלאטץ.

§ 3. אלע ברידער זאלען ביי דעם בעגלייטען דיא לייכע טרויער צייכען טראגען.

§ 4. דער פרעזידענט מיט אלע בעאמטע זאלען דיא לייכע ביז צום גראב בעגלייטען.

## שטיינער (מצבות)

§ 1. דער פעראיין זאל א מצבה שטעלען פיר דיא 20 דאלאר וועלכע פון דיא ענדאוומענטס ארונטערגעצויגען ווארדען. דיא מצבה דארף ניט געשטעלט ווערען בעפאר 90 טעג פון דער קבורה.

## ארטיקעל 25.

## פערמעגען.

§ 1. דיא געלדער פון פעראיין זאלען אין באנק אלס פעראיינס געלדער דעפאנירט ווערען.



## די גרינדערס וואָס האָבען געקויפט נעמען צו שטעהן אויף דיא קאנסטיטושאָן, נעמליך:

מאררים סאל
בעני ראָזענגארד
רפאל וויינער
הערי גודמאן
הערי סאל
אברהם פיינשטיין
סעם גרין
יונה קאָהן
סעם גאָלד
איק גאָלד
סעם גודמאן
רובין וויינער
הערי קראוויץ
וויליאם ספעקטאָר
מאררים ספיוואק
בעני קאבזאן

הערי מיללער

---

## קאנסטיטושאָן קאמיטע:

פ. מיללער
הערי גאָרדאָן
סעם גרין
מאררים ספיוואק
סעם גודמאן
בעני ראָזענגארד
רובין וויינער
סעם גאָלד
סעם אלטמאן
דייוו גאָלדמאן
הערי סאל
לייזער יותם
מאררים סאל
הערי גלעז
רפאל וויינער
איק גאָלד סעקרעטער

## פאָלגענדע האָבען געסירווד אלס אָפיסערס

---

### 1טער טוירם — מארטש 19, 1911.

פרעזידענט — סעם גרין
וויים־פרעזידענט — יונה קאָהן
טרעזשורער — רובין וויינער
רעקאָרדינג סעקרעטער — רפאל וויינער
פינאַנס סעקרעטער — וויליאם ספעקטאָר

### 2טער טוירם — דזשולייי2, 1911.

פרעזידענט — סעם גרין
וויים־פרעזידענט — העררי סאל
טרעזשורער — אייק גאָלד
רעקאָרדינג סעקרעטער — העררי גאָרדאָן
פינאַנס סעקרעטער — וויליאם ספעקטאָר

### 3טער טוירם — יאנואר 7, 1912

פרעזידענט — סעם גרין
וויים פרעזידענט — לייזער יתום
טרעזשורער — רובין וויינער
רעקאָרדינג סעקרעטער — העררי גאָרדאָן
פינאַנס סעקרעטער — רובין דארטש

### 4טער טוירם — דזשוליי 7, 1912.

פרעזידענט — העררי סאל
וויים פרעזידענט — דזשייקאָב גאָלדשטיין
טרעזשורער — זלמן גלאַנץ
רעקאָרדינג סעקרעטער — העררי גאָרדאָן
פינאַנס סעקרעטער — רובין דארטש

### 5טער טוירם — יאנואר 5, 1913

פרעזידענט — אדאָלף אדלער
וויים־פרעזידענט — מאררים ספיוואק
טרעזשורער — העררי סאל
רעקאָרדינג סעקרעטער — העררי גאָרדאָן
פינאַנס סעקרעטער — רובין דארטש

## 6טער טוירם — דזשולייו 6, 1913.

פרעזידענט — פ. מיללער
וויים־פרעזידענט — אייק גאלד
טרעזשורער — סעם גרין
רעקארדינג סעקרעטער — העררי גארדאן
פינאנס סעקרעטער — רובין דארטש

## 7טער טוירם — יאנואר 4, 1914

פרעזידענט — פ. מיללער
וויים־פרעזידענט — אייק גאלד
טרעזשורער — בענני ראזענגארד
רעקארדינג סעקרעטער — העררי גארדאן
פינאנס סעקרעטער — רפאל וויינער

## 8טער טוירם — דזשולייו 5, 1914

פרעזידענט — פ. מיללער
וויים־פרעזידענט — דייוו גאלדמאן
טרעזשורער — בענני ראזענגארד
רעקארדינג סעקרעטער — העררי גארדאן
פינאנס סעקרעטער — וויליאם שווארץ

## 9טער טוירם — יאנואר 3, 1915

פרעזידענט — סעם אלטמאן
וויים־פרעזידענט — העררי סאל
טרעזשורער — אייק גאלד
רעקארדינג סעקרעטער — העררי גארדאן
פינאנס סעקרעטער — וויליאם שווארץ

## 10טער טוירם — דזשולייו, 1915

פרעזידענט — פ. מיללער
וויים־פרעזידענט — העררי גלעז
טרעזשורער — דייוו גאלדמאן
רעקארדינג סעקרעטער — העררי גארדאן
פינאנס סעקרעטער — אייק גאלד

# אינהאלטס פערצייכניס: